# פֿרילינג קומט!

אַ פֿאַנטאַסטישע קאָמעדיע פֿאַר קינדער אין 2 אַקטן

מיט געזאַנג און טענץ.

באַרבעט לויט פּ. ז.    פֿון ש. באַסטאָמסקי.

ווילנע—1921

# פרילינג קומט!

**אַ פאַנטאַסטישע קאָמעדיע**
**פאַר קינדער אין 2 אַקטן**
**מיט געזאַנג און טענץ.**

באַאַרבעט לויט פ. ד.

פון ש. באַסטאָמסקי.

פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול“.

ווילנע — 1921.

הויפּטפאַרקויף: ביכערלאַגער פון דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע, ווילנע.

זעצעריי פון דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע.

געזעצט ביי בר. ראָזענטאַל, ווילנע, רודניצקער 7,

# פערזאנען:

פרילינג — די מלכה פון דער נאַטור.
שניי־בלום, פיילכל — אירע פאָרויס־רייטער.
ווינטער.
רויז.
אַסטרע.
פאַרגעסמיכניט.
מאַרגאַריטקע.
מאַי־גלעקל.
רויטער מאָן.
גלעקעלע.
קאָרנבלום.
טולפּע.

רויזן־בוטאָן.
טיי־בוטאָן.
אַנדערע בלומען.
פייער־ווערימל.
1־טע ליבעלע.
2־טע ליבעלע.
געלער פלאַטערל.
רויטער פלאַטערל.
1־טער בוקאַן.
2־טער בוקאַן.
משה־רבינוס קיעלע.
אַ כאָר פון זשוקעס און פון שפּרינגערס
גלי־ווערימלאַך.

# ערשטער אקט.

אַ חינקל אין אַן אַלטן פאַרוואָרפּענעם פּאַרק. די סצענע — אַ פעלד, אַרומגעשטעלט מיט יעגלעס און סאָסנעס. אין דער טיף ליגט אַ גרויסער איינגעפּאַלענער בוים. באַוואָקסן מיט מאָך. רעכטס, נענטער צו דער אַוואַנסצענע—צווי פּיענעס. לינקס—איין גרויסער פּיען. איבער דער גאַנצער סצענע זיינען פונאַנדערגעוואָרפן נאָך אַ דריי־פיר פּיענעס, טרוקענע בלעטער און צווייגן. אָנהייב פרילינג. די נאַטור האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן אָפּצולעבן. אַ העלער זוניקער וואַרימער טאָג. אויף דער סצענע—רויטער פּלאַטערל, זיצט אויף אַ פּיען. געלער פּלאַטערל, שטייט הינטער אים לעבן אַ יעגלע.

## 1־טע סצענע.

1־טער פּלאַטערל — ס׳אַר אַ וואַרימער, ס׳אַר אַ ליכטיקער טאָג היינט איז!... ווייזט אויס, ברודערל, די מלכה־פרילינג איז שוין גאָר, גאָר ניט ווייט פון אונז! (גייט אַרויס פון הינטערן בוים) אָך, ווי דערלעבט מען שוין די מינוט זי זאָל שוין קומען, די ליבע טייערע מלכה!... אוי, ווי שווער עס איז פּטור צו ווערן פון דעם בייזן קאַלטן ווינטער!... (צום ברודערל) און דו, ברודערל, דו וואַרטסט עפּעס אויף דער מלכה־פרילינג?

2־טער פּלאַטערל — אַ פראַגע צי איך וואַרט! זי איז דאָך אַזאַ ליבע, אַזאַ גוטע!... ווי נאָר זי ווייזט זיך, ווערט דאָך אַלץ אַרום אַזוי גוט, אַזוי וואויל! אַלע בלימעלאַך לאָזן זיך פונאַנדער, הייבן אָן אַזוי מחייהדיק צו שמעקן און צו רופן: „גענעסט, גענעסט פון אונזערע פונאַנדער־געבליטע בעכערלאַך!...״ און אין די בעכערלאַך איז דאָך פאַראַן אַזאַ גע־שמאַקער זיסער זאַפט!... ווי זאָל מען ניט וואַרטן אויף אַזאַ ליבן גאַסט?

1־טער פּלאַטערל — היינט ווי פריילאַך עס ווערט, אַז זי קומט אַראָפּ! אַלעמען מאַכט זי אַזוי מונטער, אַזוי לעבעדיק!... אַפילו דער מאָן, דער שטענדיקער פּעפער, דער ווערט אויך גאָר אַן אַנדערער... ער נעמט גאָר טאַנצן...

2־טער פּלאַטערל — יע, ס׳וועט שוין זיין איינמאָל פריילאַך! די מלכה־פרילינג האָט ליב פריילאַכקייט!...

## 2־טע סצענע

(די זעלבע און די 1־טע ליבעלע).

1־טער ליבעלע — (לויפט אריין ביי די לעצטע ווערטער. רעדט גיך) אַ טייערע זאַך פריילאַכקייט! און וואו ס׳איז פריילאַך, דאָ בין איך אויך דאָ!... וואָס מאַכט איר עפּעס, פּלאַטערלאַך? אייך איז מסתמא גוט, אַז איר

רעדט וועגן פריילאַכקייט... דער ווינטער האָט נאָך, ווייזט אויס, ביי אייך די פליגעלאַך ניט אָפּגעפרירט. ווייזט אויס אַזוי... הייבט מען אָן צו פרירן, פאַרגעסט מען שוין אַלע פריילאַכקייטן... אַזוי ווי איך היינט. מיט מיר איז שוין גאָר ניט פריילאַך געווען. קוים מיטן לעבן זיך אַרויסגעראַטעוועט.

1-טער פלאַטערל (צוזאַמען) וואָס איך הער!
2-טער פלאַטערל · וואָס רעדסטו?

1-טע ליבעלע — יע, טייערינקע, היינט אינדערפרי האָב איך פאַרבלאָנדזשעט אין צפונדיקן טייל פון אונזער פאַרק, געוואָלט דערגיין, וואָס עס הערט זיך דאָרט. נו—נו, האָב איך געהאַט! דער מכשף, ווייזט אויס, באַלעבאַטעוועט נאָך דאָרט אויף אַלע כלים... ער האָט אויף מיר אַזאַ קאַלטן הויך געטאָן, אַז די פליגלען האָבן זיך ביי מיר אַראָפּגעלאָזן... געמיינט—אַן עק צו די יאָרן. (מיט אַן אַנדער טאָן) אָבער ווי איר זעט, בין איך ווידער געזונט און לעבעדיק-לוסטיק!

1-טער פלאַטערל — וואָס זאָל איך דיר זאָגן, האָסט נאָך גוט אָפּגעשניטן! וואָס האָט געפעלט דו זאָלסט שוין איצט חלילה ליגן אַ פאַרפראָרענע...

2-טער פלאַטערל — מע דאַרף אַ סך האָבן, וואָס?...

1 טע ליבעלע — ברר! כ'האָב מורא אַפילו צו טראַכטן וועגן דעם! איך וועל שוין, דאַכט זיך, פאַרזאָגן אַ צענטן אַהין צו גיין.

1-טער פלאַטערל — שוין באַלד, באַלד! מיר וועלן שוין פון אים פטור!

1-טע ליבעלע (נייגעריק) — וואָס, איר ווייסט עפּעס?

2-טער פלאַטערל — ניין, זיכער—קיין זאַך ניט. נאָר מע זאָגט, אַז דער מאַי-גלעקל האָט שוין יע באַקומען עפּעס גערוסן פון דער מלכה אונזערער.

1-טע ליבעלע — קען דאָס זיין אַן אמת?... וואָס זשע האָט איר געשוויגן ביז אַהער?

1-טער פלאַטערל — ווען האָבן מיר געזאָלט דערציילן? ביסט דאָך אָקאָרשט אַריין...

1-טע ליבעלע — אויב אַזוי, האָב איך קיין צייט ניט, מע מוז באַלד פליען צום מאַי-גלעקל, ביי אים וועל איך זיך דאָך געוויס דערוויסן וועגן אַלע נייס! אוי, האָב איך זיך דאָס אַ ביסינקע פאַררעדט מיט אייך!... וואָס, ברידערלאַך, איר גייט אפשר מיט מיט מיר?

1-טער פלאַטערל — ניין! צו וואָס? אַז ס'וועט עפּעס זיין, וועט אונז שוין דער מאַי-גלעקל אָנזאָגן!

1-טע ליבעלע — אָ—אָ—אָ!... וואַרטן ביז וואַנען מע וועט אָנזאָגן און דערווייַלע ניט וויסן, וואָס עס טוט זיך... ניין, טייערינקע, איך האָב שוין אַזוי אויך לאַנג געוואַרט, מער קען איך שוין ניט, אַדיע! וועל איך זיך נאָר עפּעס דערוויסן, שיק איך אייך גלייך אָנזאָגן. (מאַכט אַ רעווערענס. לויפט אַוועק אונטערזינגענדיק).

## 3=טע סצענע.

2=טער פלאַטערל — ס׳אַר אַ וואוילע זי איז, די ליבעלע! קיינמאָל ניט אומעטיק. שטענדיק לוסטיק, לעבעדיק! דאַכט זיך, שיר ניט פאַרפראָרן געוואָרן — און גאָרניט! ווייטער מונטער, ווייטער געטאַנצט! (גייט צו צום ברודער) ווייסט, ברודערל, זייער טשיקאַווע צו וויסן, וואָס עס טוט זיך איצט ביים מאַי=גלעקל?

1=טער פלאַטערל — עך, ליבינקער, ווייזט אויס, אַז דו האָסט זיך אָנגענומען פון דער ליבעלע און ביסט אויך געוואָרן אַזוי נייגעריק... נאָר, כמיין, אַז ס׳ווילט זיך דיר שוין אַזוי שטאַרק, טאָ קום! (שטעלט זיך) סיי=ווי ניטאָ וואָס צו טאָן. דאָרט וועלן מיר זיך אפשר פאָרש וואָס עס איז דערוויסן.

2=טער פלאַטערל — קום, ברודערל, קום! (הילן אָפגיין רעכטס).

## 4=טע סצענע.

(די זעלבע און גלעקעלע מיט דער 2=טער ליבעלע).

גלעקעלע (געאַרימט מיט דער 2=טער ליבעלע) — אַ!... וואָס מאַכט מען? אַ וואוהין קלייבט איר זיך דאָס, ליבע פריינד... נעמט ניט פאַר אומגוט וואָס איך פרעג אייך, פילייכט אַ סוד?... ס׳קען זיין מיר גייען מיט אייך אין איין וועג?

2=טער פלאַטערל — ביי אונז זיינען קיין סודות ניטאָ. (גיבן זיך די הענט).

1=טער פלאַטערל — מיר ווילן אַריבערגיין צום מאַי=גלעקל, דערוויסן זיך דאָרט עפעס וועגן פרילינג. מע זאָגט, מאַי=גלעקל האָט באַקומען פון דער מלכה אַ ידיעה.

2=טע ליבעלע — זאָגט מיר, פלאַטערלאַך, האָט איר ניט געטראָפן מיין שוועסטערל... איך זוך זי און קען זי ניט געפינען.

2=טער פלאַטערל — דיין שוועסטערל? זי איז דאָך דאָ ניט לאַנג געוועזן, זי איז אויך אַוועק צום מאַי=גלעקל!

2=טע ליבעלע — אַזוי? איז זי אויך ביים מאַי=גלעקל? און איר קלייבט זיך אויך אַהין? קומט! לאָמיר גיין אַלע צוזאַמען! איר ווילט?

2=טער פלאַטערל — קומט! איך גיי!

1=טער פלאַטערל — איכל אויך גיין! אַליין פאַרבלייבן איז גאָר אומעטיק. (נעמט אונטערן אָרים די 2=טע ליבעלע) מיין ברודערל האָט זיך, ווייזט אויס, אָנגענומען פון דיין שוועסטערל, איז אויך געוואָרן אַזאַ היצי=קער. כסדר—קום! קום! גיכער! (אַלע לאַכן, גייען אָפ רעכטס).

גלעקל — (אַרויסגייענדיק) יע, מע נעמט זיך טאַקע אָן! עס ווילט זיך! (אַלע אָפ).

## 5=טע סצענע.

(דער מאַן אַליין).

דער מאָן — (גייט אַריין און באַקוקט דאָס פעלד) דאַכט זיך קיינער ניטאָ?...

(הערט זיך צו) קיינער ניט!... קוים געפּאַקט אַ רואיקן ערטעלע!... אַן אומגליק מיט זיי! אַלע זיינען זיי ווי פון זינען אַראָפּ! שרייען, שמייען, לויפן, שפּרינגען! קיין דרעמל קען מען גאָר ניט כאַפּן! „די מלכה קומט! פרילינג קומט!״ אַ שימחה אויף זייער באָבען! נו, איז וואָס? ס׳זי קומען! נו, איז וואָס? ט׳זי זיין אַ גוטער גאַסט! וואָס דאַרף מען איינלייגן די וועלט? וואָס דאַרף מען שפּרינגען, שרייען?... און אומע־סום—אַ לאַרעם, אַ געפילדער... און אַלע: די פלאַטערלאַך, די שפּרינ־גערקעס, די בלומען—אַלע פּאַרטאַראַראַמט, צעוויגט! שפּאַרסט זיך נאָר צו אויף אַ ווײלע—זַהאַ, זיי זיינען שוין דאָ! קיין רו ניטאָ פון זיי, קיין מינוט רו ניט! און דערהויבט די ליבעלעס, פון זיי איז גאָר קיין באַהעלטעניש ניטאָ, זיי וועלן דיך אומעטום געפינען! (געגעצט. לאָזט זיך אראָפּ אויף דער קלאָץ).

## 6־טע סצענע.

(מאָן און 1־טע ליבעלע).

1־טע ליבעלע—(גייט אריין אונטערזינגענדיק שטיל. דערזעט דעם מאָן, שטיל) אַך, ווענען איך זע! (דער מאָן זעט זי ניט. זי גייט פארביי אומבאמערקט הינטער דער קלאָץ און שטעלט זיך הינטערן מאָן).

מאָן — אָך—כאָ—כאָ!... אוי, ווי ס׳ווילט זיך שלאָפן! נו, איצט האָב איך שוין געטראָפן, באַלד וועל איך דאָך אַיינשלאָפן אַזוי געשמאַק! אַזוי גע־שמאַק! (געגעצט הויך).

1־טע ליבעלע—וואַרט נאָך אַ ביסעלע, וואַרט! (נעמט א לאנגן גראָז און הייבט אָן צו קיצלען דעם מאָן אין פּנים).

מאָן — אַהער וועט געוויס קיינער ניט אַריינקומען, אַלע זיינען זיי דאָך אַנטלאָפן צום מאַי־גלעקל... (כאָפּט זיך אָפּ) וואָס איז דאָ פאַר אַ צרה? פליגן?... אַ נייע אָנשיקעניש! (1־טע ליבעלע לאַכט שטיל) און פרעג וואָס? איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס מיט זיי אַלעמען איז גע־וואָרן! וואָס ברענט ביי זיי? דערשמעקט, אַז מאַי־גלעקל האָט עפּעס אַ ידיעה, איז דאָס געוואָרן אַ בהלה! מאַמינקעס, מאַמינקעס! פרעג, וואָס טומלען זיי? סיי־ווי־סיי וועט פרילינג פאַר דער צייט ניט קומען... און אַז זיי וועלן פון דער הויט אַרויסשפּרינגען, וועט עס העלפן? פאַר דער צייט איז קיין צייט ניט!

1־טע ליבעלע—וואָס זאָגט איר צו זיין היטעלע? סאַר אַ פילאָזאָף! איך האָב דאָס גאָר ניט געוואוסט!

מאָן — וואָס וועט דאָ זיין? די פליגן וועלן מיר משמעות ניט לאָזן אַיינשלאָפן! אָט צוגעשטאַנען! ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן! (כאפּט אָן דעם גראָז, וועלכן די ליבעלע לאָזט אָפּ מיט א לייכטן אויסגעשריי).

1־טע ליבעלע—נו, געכאַפּט אַ פליג!

מאַן — (באַקוקט פאַרהאַונדערט דאָס גרעזעלע) אָט גיסים, פליגן האָבן שוין גאָר אָנגעהויבן צו שטעכן זיך מיט גראָז!... ווער קען דאָס אָבער זיין? (שמעלט זיך).

1־טע ליבעלע — (לויפט ארום קלאָץ און קומט אָן אנטקעגן). ניין, חבר מאָן, דאָס זיינען ניט קיין פליגן, דאָס בין איך, איך, אַן איינגעגעסענע ליבעלע! וואָס זאָגט איר, האַ? (לאכט הילכיק) אַ גוטער מאָרגן אייך, חבר מאָן! (זעצט זיך) ווי זאָגט מען, אַ שאָק מיט יאָרן זיך ניט געזען! איך האָב זיך שוין פאַרבענקט נאָך אייך!

מאָן — (גיט איר א האַנט) אַ גוטער יאָר דיר, שוועסטערל!

ליבעלע — וואָס מאַכט איר עפּעס גוטס, חבר מאָן?

מאָן — וואָס זאָל מען מאַכן? מע לעבט, ניט צו פאַרזינדיקן!

ליבעלע — אַבי מע לעבט, איז שוין גוט!

מאָן — (אָן א זיים) נו, ווייזט אויס, די פלאַפלערקע וועט מיר שוין ניט לאָזן איינשלאָפן! און איך האָב זיך שוין געפרייט — אַזאַ וואויל ערטעלע, אונטער דער יעגלע!...

ליבעלע — וואָס זאָגט איר?

מאָן — גאָרניט! אַ שיינער טאָג היינט איז!

ליבעלע — (לעבעדיק) אַ טאָג אַ גאָלדענער, אַ טאָג פון גאָט!... איר ווייסט וואָס פאַר אַ געדאַנק ס'איז מיר איצט איינגעפאַלן? איר וועט גאָר ניט טרעפן!

מאָן — וואָס קען איך וויסן, וואָס אייך קען איינפאַלן? ווער ווייס, מאַלע וואָס...

ליבעלע — איך וועל אייך אויסזאָגן, חבר מאָן, און איך רעכן, אַז אייך וועט דאָס אויך געפעלן ווערן!... ווייסט איר וואָס, לאָמיר זיך גאָר דורכ־גיין אַ ביסל שפּאַצירן! וואָס זאָגט איר, האַ?

מאָן — (פאר זיך) נאַ דיר אַוועק! איך וועל שוין דאָ גלאַט ניט אָפּשניידן!...

ליבעלע — אַזאַ שיינער טאָג היינט! אַזאַ זוניקער! זעט, ס'אַר אַ מחיה עס איז אַרום! אין אַזאַ טאָג מוז מען פריילאַך זיין!... און איר זייט אַזאַ אומעטיקער. איך האָב מורא, איר קענט גאָר אַנטשלאָפן ווערן!... ניין, דאָס קען איך ניט דערלאָזן! איך וועל אייך אַביסל פונאַנדערטרייס־לען. קומט, לאָמיר זיך אַביסל דורכשפּאַצירן, דורכשמועסן!... מיר וואַרטן דאָך עפּעס אויף נייס!... נו, וואָס, גייען מיר?

מאָן — (אָן א זיים) אַ ברירה האָב איך? סיי ווי וועט זי מיר שוין ניט לאָזן שלאָפן!

ליבעלע — (פריילאך) אָט אַזוי! אַזוי! אויסגעצייכנט! (נעמט אים אונטערן אָרים) איר וועט שוין זען, וואָס פאַר אַ שפּאַציר מיר וועלן מאַכן!

מאָן — (אומעטיק) קען זיין! (צו דער יאָלקע אומעטיק) אַדיע, יאָדליטשקע!... (גייען אָפּ לינקס).

## 7-טע סצענע.

מאַרגאַריטקע—(לויפט אַריין מיט האַסט. נאָך איר גייט דער קאָרנבלום.
מאַרגאַריטקע זעצט זיך אויף דער קלאָץ) אָ—אָ—אָ! (אָטעמט אָפּ) וואָרט
אַ ווײַלע, מ׳מוז אָפּכאַפּן דעם אָטעם! איך פאַל דאָך אַנידער! אַזוי גיך
געלאָפן!... קום אַהער, זעץ זיך אויך צו, רו זיך אויך אָפּ! האָסט זיך
אויך גוט פאַרמאַטערט!... נשקשה, מיר וועלן נאָך באַווייזן!...

קאָרנבלום—איצט איז שוין קיין צייט ניטאָ צו רוען! ווייסט דאָך, אַז דער
מאַי-גלעקל האָט פאַרזאָגט אַלעמען זיך צונויפצוזאַמלען וואָס גיכער!
דאָס איז ניט קיין לייכטע שטיקל אַרבעט. פון די פלאַטערלאַך מיט
די ליבעלאַך אַליין וועסטו בלייבן אָן כוחות, איידער מע געפינט זיי...
און דו הייסט זיך מיר צוזעצן... אַ שיינע מעשה, כלעבן. ניין, מיין
פריינד, ניטאָ קיין צייט צו זיצן, מע דאַרף לויפן!

מאַרגאַריטקע—(אויפשפּרינגענדיק) געהערכט! מע דאַרף גיין ווייטער! פאָרט
אַביסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם! איצט קען איך שוין ווייטער לויפן!
אַוואוהין גייסטו איצט?

קאָרנבלום—איך גיי זוכן די ליבעלאַך! זיי ווערן דאָך שטענדיק פאַרפאַלן.
און גראָד ווען מע דאַרף זיי. נו, און דו?

מאַרגאַריטקע—און איך וועל גיין צו דער רויז, און פאַריינס זיך אַריינ-
כאַפּן שוין צום „פאַרגעסמיכניט״ און צו דער ליליע. דערווייל—
אַ גוטן! (אַנטלויפט. נאָך איר גייט אַוועק קאָרנבלום).

## 8-טע סצענע.

(עס קומען אַריין גלעקעלע און די צווייטע ליבעלע געאַרעמט).

2-טע ליבעלע—נו, דאָ וועלן מיר זיך אַביסל אָפּרוען!... מיר קומען קענ-
טיק, די ערשטע! (זעצט זיך אויף אַ פּיען לינקס).

גלעקעלע—באַלד, באַלד וועלן זיך אַלע צונויפקומען! (קלײַבט צו די סצענע)
דער מאַי-גלעקל האָט דאָך אָנגעזאָגט מע זאָל ניט זאַמען. ווייזט אויס
די מלכּה-פרילינג איז שוין גאָר גאָר נאָענט!

2-טע ליבעלע—(שפּרינגט אויף און פּאַטשט מיט די הענט) אַך, ווי גוט עס
וועט דאָס זיין! אַך, ווי וואויל!... קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן,
גלעקעלע, ווי איך בין צופרידן! אָט וועלן מיר דאָס שפּרינגען! אָט
וועלן מיר דאָס הוליען! (דרייט זיך).

## 9-טע סצענע.

(די זעלבע און דער 1-טער פלאַטערל).

1-טער פלאַטערל—(אַריינקומענדיק) וואָס איז מיט דיר? וואָס שפּרינגסטו?

2-טע ליבעלע—איך פריי זיך, וואָס די מלכּה-פרילינג קומט, ליבער פלאַ-
טערל, ס׳איז דאָך אַזוי גוט! אַזוי גוט!... די שמחה איז דאָך ביי אַלעמען
גרויס, ניט אַזוי?

1־טער פלאַטערל — (שמייכלט) געוויס ביי אַלעמען, געוויס! און נאָך וואָס פאַר אַ שמחה!

גלעקעלע — (קוקט ארום דעם פלאַץ) דאַכט זיך אַלץ אין אָרדענונג ... ווי רעכנסטו, פלאַטערל, דער מאַי־גלעקל וועט באַלד קומען?

1־טער פלאַטערל — כ׳ווייס ניט, ער האָט שוין, מיין איך, געדאַרפט זיין... דאַכט זיך, דאָרטן גייט ווער!...

גלעקעלע — דאָס איז די אַסטרע מיטן פאַרגעסמיכניט. דער מאַי־גלעקל איז נאָך אַלץ ניטאָ!...

## 10־טע סצענע.

(פון רעכטס קומען אריין די אסטרע און פארגעסמיכניט).

1־טער פלאַטערל — איר קומט ניט פון מאַי־גלעקל?

אַסטרע — ניין, מיר זיינען גאָר ניט אַריין צו אים.

פאַרגעסמיכניט — ער האָט דאָך אָנגעזאָגט, אַז אַלע זאָלן זיך צונויפקלייבן אָט־דאָ אויפן פעלד, זיינען מיר געקומען גלייך אַהער!

אַסטרע — (צו פארגעסמיכניט) אַבי מיר האָבן זיך געאיילט! און קיינער איז נאָך ניטאָ!

פאַרגעסמיכניט — לאַנג וואַרטן וועט מסתמא ניט אויסקומען... דערווייל לאָמיר זיך צוזעצן! (זעצט זיך אויף דער קלאָץ, אסטרע אויך. די 2־טע ליבעלע שטעלט זיך פאר זיי. דער 1־טער פלאַטערל—הינטערן בוים).

2־טע ליבעלע — (זעצט זיך) ס׳אַר אַ וואויל ערטעלע דאָ איז! ס׳אַר אַ חיותדיק ווינקעלע! וואָס זאָגט איר?

1־טער פלאַטערל — יע, דאָס אָרט איז אויסגעצייכנט! מיר דאַכט, אַז דער דאָזיקער פלאַץ און דאָס פעלד פון די פעעס, וואָס ביי דער אַלטער ליפע, זיינען די בעסטע ערטער אין גאַנצן פאַרק!...

## 11־טע סצענע.

(ס׳קומען אריין דער מאי־גלעקל און דער 2־טער פלאַטערל).

גלעקעלע — קוים אַמאָל! זיך קוים דערוואַרט!

מאַי־גלעקל — סיי־ווי נאָך אַ קליינער עולם!

אַסטרע — יע, מע קלייבט זיך עפעס שוואַכלאַך.

## 12־טע סצענע.

(די זעלבע און מארגאריטקע).

מאַרגאַריטקע — (אריינלויפנדיק) די רויז האָט געבעטן איבערגעבן, אַז באַלד קומט זי!

מאַי־גלעקל — זייער גוט, נו, און וואָס איז מיט די איבעריקע? געווען אפשר נאָך ביי וועמען?

מאַרגאַריטקע — איך בין געווען נאָר ביי דער רויז, דאָרט האָב איך אויך געטראָפן די ליליע, בין איך שוין צו דער ליליע ניט געגאַנגען...

יע, כ'האָב זיך נאָך אַריינגעכאַפּט צו פאַרגעסמיכניט, איז זי אָבער אינדערהיים ניט געווען.

מ אַ י ־ ג ל ע ק ל — פאַרגעסמיכניט איז שוין דאָ.

מ אַ ר ג אַ ר י ט ק ע — אַזוי? זייער אַנגענעם!... צו די איבעריקע איז אָוועק קאָרנבלום.

ג ל ע ק ע ל ע — און אָט איז קאָרנבלום אויך דאָ!...

## 13־טע סצענע.

(די זעלבע און קאָרנבלום).

מ אַ י ־ ג ל ע ק ל — נו, וואָס הערט זיך, קאָרנבלום?

ק אָ ר נ ב ל ו ם — וואָס זאָל זיך הערן? קוים געפּאַקט דעם מאָן מיט דער ליבעלע! געמיינט, איך וועל זיי שוין ניט געפינען. חברה האָט געשפּאַצירט אין דער אַלעע פון די פּעעס! באַלד קומען זיי.

2־טע ל י ב ע ל ע — וואָס איך הער?! דער מאָן האָט געשפּאַצירט?

ק אָ ר נ ב ל ו ם — נו יע, וואָס איז דאָ אַזוי דער וואונדער?

2־טער פ ל אַ ט ע ר ל — שייך אַוואונדער! ער איז דאָך אַזאַ פּעפער! און מיט־אַמאָל שפּאַצירן! וואונדער איבער וואונדער!

1־טער פ ל אַ ט ע ר ל — משמעות ער האָט שוין אויך דערשפּירט דעם פרילינג! (שמייכלט).

מ אַ ר ג אַ ר י ט ק ע — (ווענדט זיך צו איר גרופּע) חברים, איר הערט? דער מאָן האָט אָנגעהייבן אַרומצושפּאַצירן!

ג ל ע ק ע ל ע — וואָס רעדסטו?

מ אַ ר ג אַ ר י ט ק ע — ווי דו זעסט מיך לעבן, אָט האָט קאָרנבלום אָקאָרשט דערציילט.

פ אַ ר ג ע ס מ י כ נ י ט — טאַקע, חבר קאָרנבלום?

ק אָ ר נ ב ל ו ם — טאַקע! טאַקע! (גייט צו צו זיי, מע רינגלט אים אַרום).

אַ ל ע — וואונדער איבער וואונדער!

מ אַ י ־ ג ל ע ק ל — חברטע מאַרגאַריטקע! (די מאַרגאַריטקע גייט צו) נעם, זיי אַזוי גוט, ווען־עס־איז מיט און כאַפּ זיך אַראָפּ נאָך די גירלאַנדעס מיט די נאָטן. גאָר פאַרגעסן מיט זיך צו ברענגען. באַלד וועלן זיך דאָך אַלע צונויפקלייבן און מע וועט קענען אָנהייבן.

מ אַ ר ג אַ ר י ט ק ע — חבר קאָרנבלום! חבר גלעקעלע! זייט אַזוי פריינדלעך און העלפט מיר ברענגען די גירלאַנדעס מיט די נאָטן! מיר אַליין וועט דאָס זיין צו שווער!

ג ל ע ק ע ל ע — קום — איך גיי!

ק אָ ר נ ב ל ו ם — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! (גייען אַוועק).

## 14־טע סצענע.

(ס'קומען אַריין די רויז מיט דער ליליע. פון לינקס).

2־טע ל י ב ע ל ע — אַ! ברוך־הבא! אָט איז די רויז! און די ליליע אויך מיט איר! אַ גוט מאָרגן דיר! ליבע רייזעלע!

ר ו י ז — (מאכט א רעווערענס) אַ גוט־מאָרגן אייך, ליבע פריינד! וואָס? מיר האָבן אייך געוויס פאַרהאַלטן? אַ גוט־יאָר דיר, ליבעלע!

1־טער פלאַטערל — (גייט צו) ס׳מאַכט ניט אויס, רייזעלע, ניט שרעקלאַך! ניט אַלע זיינען נאָך געקומען! אַ גוט־מאָרגן דיר, ליליע!

ר ו י ז — (גייט צו צום מאַי-גלעקל, דערלאַנגט אים די האַנט) וואָס מאַכסטו, ליבער מאַי־גלעקל?

מ אַ י ־ ג ל ע ק ל — שלום־עליכם, שיינע רויז, וואָס מאַכסטו?... אַ גוט־מאָרגן, חברטע ליליע!

ר ו י ז — אַ דאַנק פאַרן נאָכפרעגן, חבר מאַי־גלעקל: דאַנקען גאָט, מע לעבט!

מ אַ י ־ ג ל ע ק ל — ס׳אַר אַ צייט מיר האָבן זיך שוין ניט געזען! אַ היפּש ביסל צייט!

ר ו י ז — יע... מיר זיינען נאָך מיט דער ליליע אינערגעץ ניט געגאַנגען: אויף דער היינטיקער איינלאַדונג זיינען מיר דאָס צום ערשטן מאָל אַרויס! ס׳איז דאָך אַלץ געווען אַזוי קאַלט! היינט איז שוין ניט אַזאַ מורא. אָבער עפּעס אַ האָר קעלטער, קענען דאָך מיינע בלעטלאַך אַראָפּפאַלן! אַ שפּילכעלע דאָס איז!... די ליליע האָט נאָך היינט אויך קיין חשק ניט געהאַט אַרויסצוגיין! נאָר איך בין שוין צוגעשטאַנען, אַזאַ וואַרימער טאָג, אַזאַ זוניקער!

ל י ל י ע — האָסט שוין פאַרגעסן, רייזעלע, ווי מיר זיינען דאָ ניט לאַנג שיר ניט פאַרפראָרן געוואָרן! (צום מאַי-גלעקל) שטעל זיך פאָר, חבר מאַי־גלעקל, דאָ ניט לאַנג איז אויך געווען אַ שיינער וועטער, האָט זיך אונז אויך פאַרגעלוסט אַ שפּאַציר טאָן, אַריינכאַפּן זיך צו וועמען עס איז פון די בלומען, אַזאַ צייט ניט געזען זיך מיט קיינעם! נו־נו: האָבן מיר געהאַט אַ באַצאָלונג. פרעג גאָר ניט! אָקאָרשט ווי מיר זיינען אַרויס, דאַכט זיך דער וועטער אַזוי שיין, אַזוי גוט. מיטאַמאָל — אַ איבערקערעניש! ס׳ווערט אַזוי קאַלט, אַזוי שרעקלאַך, קוים קוים זיך דערשלעפּט אַהיים! פאַרשפּאָרט שוין צו זען וועמען...

מ אַ י ־ ג ל ע ק ל — נו, איצט, פאַרחאָף איך, וועלן מיר זיך שוין אָפטער זען, אַז די מלכּה־פרילינג וועט קומען!

ר ו י ז — אַוודאַי — אַז זי וועט קומען, וועט מען שוין אינדערהיים ניט קאָנען איינזיצן, פרילינג לאָזט ניט זיצן אינדערהיים!

## 15־טע סצענע.

(ס׳קומען אריין מאָן און 1-טע ליבעלע).

2־טע ל י ב ע ל ע — (הויך) אָט זיינען זיי! קוים אַמאָל געקומען!

1־טע ל י ב ע ל ע — וואָס, מיר האָבן אייך פאַרהאַלטן? אַנטשולדיקט, חברים! אַנטשולדיקט אונז טויזנטער מאָל! גלויבט אונז — ס׳איז ניט קיין צולהכעס... אַ, רייזעלע! ליליע! אַ גוטער מאָרגן אייך!... ווי נאָר

קאָרנבלום האָט אונז אָנגעזאָגט, זיינען מיר גלייך אַוועק. נו, וואָס, מיר האָבן שוין פאַרזאַמט?

מאַי־גלעקל — ניין, מ'האָט נאָך ניט אָנגעהייבן. מע וואַרט, אַלע זאָלן זיך צונויפקלייבן (קוקט זיך ארום) איצט, דאַכט זיך, קען מען שוין!

רויז — געוויס, חבר, הייבט אָן, ניטאָ וואָס צו וואַרטן מער! מיר האָבן שוין אַ היפשן עולם. לאָמיר אָנהייבן. די וואָס זיינען ניטאָ, וועלן זיך שפּע־טער דערוויסן, וואָס מיר האָבן באַשלאָסן!

ליליע — איך רעכן אויך אַזוי!

אַלע — איך אויך! מיר אויך! ריכטיק! ניטאָ וואָס צו וואַרטן!

מאַי־גלעקל — אויב אַזוי, וועלן מיר אָנהייבן. (ווענדט זיך צו אלעמען) חברים! איר פאַרשטייט דאָך שוין מסתּמא, צוליב וואָס איך האָב אַייך היינט אַהער איינגעלאַדן?

אַלע — יע, יע, אַביסל פאַרשטייען מיר!

2־טע ליבעלע — מסתּמא וועגן פרילינג? געוויס אַזוי, האַ?

אַסטרע — איבערגעבן אַ גערוס פון דער מלכּה?

1־טער פלאַטערל — ביסט עפּעס דערגאַנגען פון איר?

מאַי־גלעקל — אַזוי, אַזוי, ליבע פריינד! איר האָט געטראָפן! איך האָב היינט באַקומען פון דער מלכּה דעם ערשטן גערוס...

רויז — ווען קומט זי, חבר מאַי־גלעקל?

מאַי־גלעקל — באַלד, באַלד, ליבע רויז, אַביסעלע געדולד, גאָר געווי קען איך אַייך ניט זאָגן, ליבע פריינד, מ'דאַרף זיך אויף איר ריכטן אַלע טאָג—ס איז רעכט היינט, רעכט—מאָרגן, רעכט—אין אַ וואָך אַרום! איר ווייסט דאָך, אַז זי קומט אַלע מאָל אומגעריכטס! (קוקט אויפן בלאַט װאָס ער האַלט אין דער האַנט) ס'איז שוין אָבער נענטער ווי ווייטער. מער ווי אַ וואָך וועט שוין געוויס ניט אויסקומען צו וואַרטן...

(צווישן די בלומען ווערט אַ לעבן. פאַרגעסטיקולירט, פּאַטשט מיט די הענט און שפּרינגט אויף אַן אָרט. 1־טע ליבעלע מאַכט אַ פּירועט. 2־טער פלאַ־טערל און 2־טע ליבעלע כאַפּן זיך אָן און וואַלסירן).

מאַי־גלעקל — חברים, וואַרט אַ ווײַלע! רואיקער! לאָמיר פריער באַטראַכטן, וואָס מיר האָבן צו טאָן, דערנאָך וועלן מיר זיך שוין פרייען! די מלכּה־פרילינג קען דאָך באַלד אָנקומען, דאַרף מען דאָך מאַכן פאַר איר עפּעס אַ געהעריקן קבלת־פּנים. מע דאַרף זיך דאָך צוטיילן, זי קען דאָך נאָך היינט אויך אָנקומען. זי קען דאָך נאָך אונז טרעפן גאָר אומגעריכט! וואָס זאָגט איר, חברים?

אַלע — נו, געוויס, חבר מאַי־גלעקל, מ'דאַרף זיך צוטיילן!

רויז — וואָס זשע וועלן מיר צוגרייטן?

מאַי־גלעקל — באַלד, באַלד וועלן מיר די פראַגע באַשליסן, איך רעכן, אַז

קודם־פל דאַרפן מיר זינגען אונזער נייעם וואַלד־הימן, דאָס וועט זיין דער ברוך־הבא, ווי מיינט איר?

אַלע — אויסגעצייכנט! מיר מיינען אויך אַזוי! גוט, לאָמיר זינגען!

## 16־טע סצענע.

(די זעלבע. גלעקעלע און מארגאריטקע).

גלעקעלע — (קומט אריין מיט די נאָטן) געוויס! געוויס! זינגען דאָס איז די ערשטע זאַך!

מאַי־גלעקל — אויב אַזוי, ווען מיר פריער רעפעטירן. חבר גלעקל, האָסט אַלץ געבראַכט?

גלעקעלע — יע, חבר, אַלץ! אָט איז דאָס! (דערלאַנגט אים. מאַי־גלעקל גייט צו, קוקט איבער).

מאַי־גלעקל — איצט, ליבע פריינד, וועל איך אייך בעטן פאַרנעמען די ערטער! ח׳ גלעקל, צעטייל די נאָטן!

(די בלומען צעטיילן זיך לעבעדיק אין 2 גרופעס און שטעלן זיך אין דער רעכטער זייט פון דער סצענע. גלעקל טיילט פונאַנדער גרינע בלעטער־נאָטן. מאַי־גלעקל גרייט זיך דיריזשירן).

מאַי־גלעקל — נו, חברים, שטילער! באַרואיקט זיך! מיר הייבן אָן! רואיק! (הייבט אויף דאָס שטעקעלע).

רויז — (הייבט זיך אָן צו טרייסלען. קוקט זיך ארום) וואָס איז דאָ עפּעס מיט־אַמאָל אַזוי קאַלט געוואָרן? איר פילט ניט, חברים, אוי, איך ווער דערפראָרן!...

ליליע — יע, ס׳איז טאַקע קאַלטלאַך געוואָרן...

רויז — ניט קאַלטלאַך, נאָר שרעקלאַך קאַלט! אָ—אָ—אָ!... איך ווער צעצי־טערט פאַר קעלט! וואָס קען דאָ זיין? אַזאַ שיינער טאָג געוועזן און מיטאַמאָל—אַזאַ ביטערע קעלט!

1־טע ליבעלע — אַ קשיה אויף אַ מעשה, געוויס האָט זיך דער ווינטער, דער מערדער, צוריקגעקערט, ער איז דאָך נאָך ניט ווייט אַוועק פון אונז! מ׳דאַרף אויף טשיקאַוועס אַ קוק טאָן! (גייט רעכטס. גלעקעלע, וואָס איז פריער ארויסגעגאַנגען, קומט צוריק).

גלעקעלע — (אַ דערשראָקענער) שלעכט, חברים, ביטער! דער ווינטער האָט זיך אומגעקערט! ראַטעוועט זיך!

מאַי־גלעקל — וואָס רעדסטו?! חברים, אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך! (די בלומען לאָזן זיך לויפן, אָבער זיי באַווייזן ניט. בלייבן צעוואָרפן אין פאַרשיידענע פּאָזעס אויף דער סצענע).

## 17־טע סצענע,

ווינטער — (קומט אריין מיט אַ שטעקן אין דער האַנט) ניין, ניין, טייערינקע, איצט וועט איר שוין ניט אַנטלויפן פון מיר... איך וועל ניט לאָזן! (די בלומען לאָזן אומעטיק אראָפּ די קעפּ).

1־טע ליבעלע — אוי, געוואַלד, ער וועט דאָך אונז פאַרפרירן! צי דען איז שוין טאַקע אויף אונז אַ סוף געקומען און מיר וועלן זיך ניט דערוואַרטן דעם פרילינג?

1־טער פלאַטערל — ער ווייס ניט פון קיין רחמנות!...

ווינטער — געכאַפּט!... אַ—אַ—אַ, געפּאַקט! אָט וואו איר האָט זיך דאָס פאַרזאַמלט!... און איך האָב אַייך געזוכט! דעם גאַנצן פּאַרק אַרומגעגאַנגען. זייער געוואָלט זיך זען מיט אַייך... וואָס זייט איר דאָס עפּעס מיטאַמאָל אַזוי שטיל געוואָרן, האַ? איר טאַנצט ניט? איר זינגט ניט? און איך בין דאָס געקומען אַייך הערן! זינגט נאָך אַ ביסעלע! טאַנצט אַביסל! דערפרייט אַן אַלטן מאַן!

1־טע ליבעלע — האָב רחמנות, פעטער ווינטער, מיר האָבן דיר דאָך קיין בייז ניט געטאָן!

ווינטער — (מיט כעס) קיין בייז ניט געטאָן? און די לידער לכבוד פרילינג, און די טענץ? און די צעהיצטע פנימער אַייערע!... אוי... ווי דאָס רייצט מיד! נו, איצט וועלן מיר שוין זען ווי איר וועט טאַנצן!... (טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און פון אויבן הייבט אָן צו גיין אַ שניי. די בלומען לאָזן נאָך נידעריקער אַראָפּ די קעפּ).

רויז — (שוואַך) גאָט! אָ, גאָט! איך ווער דאָך אינגאַנצן פאַרפראָרן! אַלע מיינע בלעטעלאַך וועלן דאָך באַלד אַראָפּפאַלן!...

2־טער פלאַטערל — אוי, אוי, מיינע פליגעלאַך! דאַכט זיך, זיי פאַלן אַראָפּ! אוי, ווי קאַלט!...

ווינטער — נו, וואָס, איר פילט אַ טעם? וואַרט, איך וועל אַייך נאָך מכבד זיין, טייערינקע, איך וועל אַייך נאָך געבן פעפער שמעקן!... און איר האָט שוין געמיינט, אַז איך בין ווייט אַוועק! פטור! מע קען שוין שפרינגען, טאַנצן! ניין, וואַרט נאָך אַווילע, וואַרט! איך בין נאָך אַ היגער!... נו, וואָס זייט איר אַנטשטומט געוואָרן, האַ? דער לשון האָט אַייך אָפּגענומען?... (פון דערווייטן דערהערט זיך אַ שטילע צאַרטע מוזיק מיט געזאַנג, וואָס ווייטער ווערט עס העכער. שוין בײַ די ערשטע קלאַנגען שטעלט דער ווינטער אָן די אויערן און הערט זיך צו. קלאַפּט אין כעס מיטן שטעקן) אָ! צו אַלדי טייוואָלים! ווייטער האָט דער פרילינג געשטערט! אַלע מאָל קומט ער מיר אַנטקעגן! מע מוז שוין אָפּטרעטן... נאָר וואַרט, וואַרט, קינדערלאַך, איך וועל ניט שווייגן. איר וועט מיר נאָך האָבן צו געדענקען! (בורטשעט. קלאַפּט מיטן שטעקן און גייט אוועק רעכטס. די בלומען הייבן אָן אָפּצולעבן. דאָס געזאַנג הערט זיך שוין נאָר נאָענט).

1־טע ליבעלע — טראָג זיך! טראָג זיך, דו אַלטער תּרח!

מאַי־גלעקל — שטילער, חברים, די אָנזאָגער פון פרילינג קומען צו!

## 18־טע סצענע.

(דיזעלבע. שניי־בלום און פיילכל).

שניי־בלום און פיילכל — (קומען אריין פון לינקס און זינגען).

אַ גאַסט פּאָרט, אַ גאַסט פּאָרט,
עפנט אַלע בראָמען!
אַ גאַסט פּאָרט, אַ גאַסט פּאָרט—
פרילינג איז זיין נאָמען!

שניי־בלום — אַ גוט־מאָרגן אַייך, בלימעלאַך!

פיילכל — אַ גוט־מאָרגן אַייך, פלאַטערלאַך און שפּרינגערלאַך!

(אלע ענטפערן אויף דער באַגריסונג).

מאַי־גלעקל — געבענטשט זאָלט איר זיין, איר אָנזאָגער פון פרילינג! איר האָט אונז געראַטעוועט פון טויט!

שניי־בלום — וואָס איז דאָ געווען? וואָס רעדסטו?

פיילכל — וואָס האָט דאָ פּאַסירט?

מאַי־גלעקל — דער בייזער ווינטער איז דאָ ניט לאַנג געוועזן! ווען איר קומט ניט צו דער צייט, וואָלטן מיר שוין אַלע פאַרפראָרן געוואָרן...

מאַרגאַריטקע — איך האָב שוין געמיינט, אַז איך שטאַרב.

גלעקעלע — שאַ, שאַ, דו וואָלסט אַזוי גיך ניט געשטאָרבן, אויף דיר ווירקט ניט די קעלט אַזוי שטאַרק!...

מאַי־גלעקל — די רויז, נעבאַך, האָט מסתמא געליטן מער פאַר אַלעמען.

(גייט צו צו איר) ווי פילסטו זיך, רייזעלע?

רויז — (קומענדיק צו זיך) איך דאַנק דיר, ליבער מאַי־גלעקל, איצט איז שוין בעסער, געמיינט, אַז ס׳איז שוין גאָר־גאָר שלעכט!... גערעכנט, אַז איך ווער שוין פאַרפראָרן! נו, איצט איז שוין אַ האָפענונג, אַז איך וועל ווידער אָפּלעבן, די מלכה פרילינג איז דאָך שוין נאָענט. יע, פיילכעלע, אַזוי?

פיילכל — יע, יע, ליבע רייזעלע. די מלכה פרילינג איז שוין ניט ווייט.

שניי־בלום — יע, ליבע פריינד, איר קענט זיך פרייען, די מלכה פרילינג איז שוין נאָענט. מיר זיינען דאָס די ערשטע שלוחים אירע! אונז האָט זי אַרויסגעשיקט פאָראויס אָנזאָגן אַלעמען די פריילאַכע בשורה.

(די בלומען פרייען זיך).

ליליע — וואָס איז מיט אונזער הימן, חבר מאַי־גלעקל?

מאַי־גלעקל — גרייט זיך, חברים! (די בלומען שטעלן זיך אויס אויף דער רעכטער זייט סצענע). שאַ, שטילער! רואיק, קוקט אַהער! ניט געאײַלט זיך! ש ש ש אַ!...

## 19־טע סצענע.

ס׳לויפן אריין צוויי בוטאָנען—אַ רויזן און אַ טיי. זיי נייגן זיך אויף אַלע זייטן און זאָגן אָן: „פרילינג קומט! פרילינג קומט!“ נאָך זיי לויפן אריין—

א קליין געשפרינקלט פלאַטערל און אַ בלאָנקע מאַטלעטשקע. זיי רופן פריילאך אויס: „די מלכה פרילינג פאָרט! די מלכה פרילינג פאָרט!" ס'קומען אריין נאָך עטלאַכע בלומען, אַ כאָר פון שניידערלאַך און פון זשוקעס און נאָכדעם פאָרט אריין די מלכה פרילינג — אין אַ גאָלדענער קאַרעטע, געשפּאַנט מיט 2 בוקאַנעס. אויף דער קעלניע זיצט „משה-רבינו-קיעלע" מיט אַ לאַנגן גראָז אין דער האַנט. די מלכה פרילינג איז אויסגעפּוצט אין גרינס מיט אַ לאָרבער-קראַנץ אויפן קאָפּ, באַשאָטן מיט בלומען. אין איין האַנט האַלט זי אַ שטעקן, אין דער אַנדערער — דעם האָרן פון שפע. ווי נאָר די קאַרעטע האַלט זיך אויף דער סצענע, שרייט אויס דער פורמאַן: „אַ חברע מאַכט! אַ חברע מאַכט! די מלכה פרילינג קומט! די מלכה פרילינג פאָרט!

**פרילינג** — (מיט אַ פריילאַכן, ליבן שמייכל) אַ גוט-מאָרגן אייך, ליבע פריינד!

אלע זינגען דעם הימן. מאַי-גלעקל דיריזשירט.

*) מיר בלימעלאַך, מיר יונגינקע,
אָט ערשט פון דרערד אַרויס,
און קוקן שטיל צום הימל צו—
ווי ברייט די וועלט, ווי גרויס!

מיר גלייכן גרינג די קעפּלאַך אויס
אַ ווינטער לאַנג גערוט.
עס יאָגן ווינטן וואַסערלאַך;
ווי גוט, ווי גוט, ווי גוט!

מיר שטייען אין פרימאָרגן אויף,
באַגאָסענע מיט טוי,
צעשפּראָצן מיר זיך דופּטיקע
און פריש אין הימל-בלוי.

מיר פּוצן זיך אויס פאַרביקע
און וואַקסן אינדערשטיל,
אויף באַרג און טאָל צעשאָטענע
פון הויפנס פול און פיל.

אַ ליוב דיר, פרילינג גאָלדענער,
דעם ווינטער האָסט פאַריאָגט,
פון קאַלטן טויטן שויס פון ערד
האָסט אונז ארויסגעלאָקט!

אין דער צייט פון זינגען גייט צו די רויז צו דער מלכה, מאַכט אַ טיפן רעווערענס, נעמט צו פון איר האַנט דעם האָרן, גיט עס איבער דעם מאַי-גלעקל און העלפט דער מלכה אראָפּגיין פון דער קאַרעטע.

---

*) שיר פון א. פרידקין.

רויז — (נאָבן זינגען) ערלויב מיר, ליכטיקע מלכּה, איבערגעבן דיר דעם פריינד־לאַכסטן גערוס פון די אַלע פאַרזאַמלטע! נעם צו לייטזעליק אונזער האַרציקסטן ברוך־הבא לכּבוד דיין אַראָפּקומען צו אונז אין פּאַרק! אַ שיינענדיקע און אַ בליענדיקע האָסטו זיך אַנטפּלעקט פאַר אונז און באַזיגט דעם בייזן קאַלטן ווינטער! מיר נייגן און קניען זיך פאַר דיר, ליבע מלכּה, און זאָגן דיר נאָכאַמאָל „ברוך־הבא! ברוך־הבא!"
(אַלע שטעלן זיך אויף די קני).

פרילינג — איך דאַנק אייך, ליבע פריינד! איך דאַנק דיר, רייזעלע! עס פרייט מיך זייער, וואָס איך זע דיך ווידער צווישן מיינע אַלטע פריינד! (קוקט אַלעמען אַרום) רויז!... ליליע... מאַי־גלעקל... אַ... גלעקעלע מיט ליבעלען! זיי שיידן זיך דאָך קיינמאָל ניט! אַלע, אַלע, ליבע פעלד־בלימעלאַך... און וואו איז דער מאַן? ער זעט זיך עפּעס ניט... (די בלומען רוקן זיך פונאַנדער און הייזן אָן אויפן מאַן, װאָס זיצט אויף אַ קלאָץ און דרעמלט).

מאַרגאַריטקע — אָט איז ער, דער מאַן, דרעמלט זיך ווי געוויינטלאַך!

1־טער פּלאַטערל — (טרייסלט דעם מאַן פאַר׳ן אַקסל) מאַן, שטיי אויף! וואָס פאַר אַ שלאָפן איצט! מלכּה פרילינג איז דאָך געקומען! געהערט? ס׳איז דאָך שוין פרילינג!

מאָן — (רואיק, תּי ניט אים מיינט מען) איך הער. נו וואָס? (אַלע לאַכן).

פרילינג — אָט אַ וואו ער האָט זיך באַהאַלטן! אַ גוט־מאָרגן דיר, מאָנעלע! וואָס מאַכסטו?

מאָן — (שטעלט זיך) גוט יאָר, ליכטיקע מלכּה!

פרילינג — נו, אַ דאַנק אייך, ליבע פריינד! מיר וועלן זיך נאָך היינט געזעען... היינט ביינאַכט גיב איך דעם ערשטן באַל פאַר די בלומען. איך האָף, אַז איר וועט אַלע קומען!

אַלע (אין כאָר) מיר דאַנקען! מיר דאַנקען!

פרילינג — חבר מאַי־גלעקל, זיי אַזוי פריינדלאַך און זאָג אָן די אַלע, וואָס זיינען היינט ניט געווען מיט אונז, זיי זאָלן קומען ביינאַכט אויפן בלומען־באַל!

מאַי־גלעקל — דיין פאַרלאַנג, ליבע מלכּה, וועט ערפילט ווערן!

פרילינג — גלעקעלע און קאָרנבלום וועלן דיר געוויס באַהילפיק זיין!... איצט, קינדערלאַך, דאַרף מען פאָרן ווייטער. מע מוז דאָך נאָך היינט באַקוקן דעם גאַנצן פּאַרק. זען צי האָט זיך ערגעץ ניט באַהאַלטן דער בייזער ווינטער.
(עס פאָרט צו די קאַרעטע, רויז און ליליע העלפן דער מלכּה אַריין אינעווייניק. פייגל און שניי־בלום גייען דורך פאָרויס און זינגען „אַ גאַסט פאָרט! אַ גאַסט פאָרט!..." די קאַרעטע רירט זיך פּאַמעלאַך און גייט אָפּ רעכטס).

פרילינג — דערווייל אַ גוטן, ליבינקע בלומען! ביז ביינאַכט!

פאָרהאַנג.

# צווייטער אקט.

דאָס פעלד פון די מעעס ביי דער אַלטער ליפּע. אין דער טיף — אַ גרויסע ליפּע, אונטער וועלכער עס איז אַיינגעאָרדנט דער טראָן פון דער מלכה-פרילינג. איבער אים הענגען אַראָפּ די צחייגן פון דער ליפּע און גירלאַנדעס בלומען, אויפן טראָן זיצט די מלכה-פרילינג, ביי די זייטן שטייען בוטאָנען מיט גרויסע בלעטער פון פעדערגראז און מיט בלומען פון ליליעס. נידעריקער — אויף די טרעפּלעך פון טראָן שטייען: די רויז — לינקס און די ליליע — רעכטס. צופוסנס — דער מאַי-גלעקל האַלבליגנדיק. די איבעריקע בלומען — איבער דער גאַנצער סצענע. אין דער טיף — אַ כאָר פון שניידערלעך און פון זשוקעס. אין גרינס זעענזיך פייער-ווערימלעך, וואָס באַלייכטן די סצענע. פון צווישן די צווייגן קוקט אַרויס די לבנה.

## 1-טע סצענע.

**די בלומען** (זינגען שטיל אין כאָר, פאַרחלומט).

שטיל אַרום. די נאַכט איז טונקל.
ס'שלאָפט דער גאָרטן ווי אַ קינד.
ס'גיט אַ שטערן ווייט אַ פינקל,
ס'וויגט די גרעזעלאַך דער ווינט.

באַלד באַפּוצט מיט קרענץ פון בלומען,
אין אַ קלייד פון זילבער שטאָף —
וועט די נאַכט-פרינצעסין קומען,
וועקן אים פון טיפן שלאָף.

זעט, זי גייט! אין האַנט אַ שטעקל,
אויסגעטאָקט פון העלפאַנד-ביין,
אין דער צווייטער האַנט — אַ גלעקל,
אויפן קאָפּ אַ זילבער קרוין.

און זי לייגט איר צויבער שטעקל
אויף די בלומען שטיל אַרויף,
טוט אַ קלונג דער וואונדער-גלעקל,
און די בלומען וואַכן אויף.

ווישן אויס די קלאָרע אויגן,
פלעכטן אויף אַ קאַראַהאָד,
און עס טאַנצט די נאַכט-פרינצעסין
מיט די בלומען אין אַ ראָד.

ווי די לבנה צווישן שטערן
שוועבט די מלכה אינדערמיט,
און די בלומען זינגען, שפּרינגען,
ווערן קיינמאָל גאָרניט מיד.

אין דער צייט פון זינגען נידערט אַראָפּ די מלכה פון טראָן און גייט אַרום צווישן די בלומען.

**פרילינג** — ליבינקע בלימעלאַך מיינע!.. ווי זיס עס קלינגען אַייערע לידער!.. אַך, ווי ליב איך האָב זיי אַלעמען, אַך, ווי שיין זיי זיינען, ווי וואונדערלאַך שיין!.. (שטעלט זיך אָפּ לעבן דער רויז) און דערהויפּט די רויז! אַלע, אַלע זייט איר שיין, ליבינקע בלימעלאַך! און אַלעמען האָב איך ליב, אַלעמען! . (צערטלט זיי) אַך, ווי העל עס זינגט דאָס גלע-קעלע.. ס'אַר אַ קלינגענדיק זילבערן קעלכעלע ער האָט! קלינגט און

קלינגט!.. (די בלומען ענדיקן זינגען) נו, שוין צייט אָנצוהויבן דעם באַל, אָט איז שוין די לבנה אויפגעגאַנגען. זאָלן זיי זיך פרייען, די בלומען, זאָלן זיי געניסן! (גייט ארויף אויפן טראָן און גיט אַ מאַך מיטן שטאָק) וואַכט אויף, בלימעלאַך! וואַכט אויף! לעבעדיק זאָל ווערן, לוסטיק!

**די בלומען** — גוט־נאָוונט דיר, ליכטיקע—מלכּה! גוט־נאָוונט דיר, באַפרייערין!

**פרילינג** — ליבינקע בלימעלאַך! איך ווייס, איר האָט לאַנג געוואַרט אויף מיר. געוואַרט מיט אומגעדולד! און אָט בין איך מיט אַייך, מיינע טרייע טייערע פריינד! איך בין געקומען אַראָפּוואַרפן פון אַייך דעם שווערן יאָך פון דעם בייזן ווינטער! איך וועל אומעטום זייען פריי־לאַכקייט, מונטערקייט און לעבן! פאַרגעסט אָן אַלע אַייערע דאגות! פריילאַך זאָל זיין! טאַנצט, שפּרינגט, דרייט זיך אין קאַראַהאָדן! געניסט אַלע פון דער גרויסער שמחה! כּל זמן איך בין מיט אַייך וועל איך זאָרגן, אַז קיינער זאָל אַייער שמחה ניט פאַרשטערן! און נאָך מיר וועט אַראָפּקומען צו אַייך דער וואַרימער זומער. ער וועט אַייך אויך ניט לאָזן אומעטיק זיין!... איצט לאָמיר אָנהייבן דעם באַל. שוין לאַנג צייט! ליליע! מאַי גלעקל! אַהער צו מיר! (זיי גייען צו) ווייזט אַהער אַייערע שטעקלעך, היינט האָב איך אָנגעגרייט פאַר מיינע פריינד פון דעם בעסטן, פרישסטן טוי! (נעמט זייערע שטעקלאַך און טראָגט צו צו די בוקעטן ליליעס, וואָס עס האַלטן די בומאָנעס) אָט איז דאָס! טיילט עס פונאַנדער צווישן די געסט!

**די בלומען** — מיר דאַנקען דיר, ליבע מלכּה, מיר דאַנקען ווי גוט דו ביזט צו אונז! ווי טריי!

**ליליע און מאַי־גלעקל** (גייען צווישן די בלומען און טיילן דעם טוי).

## 2־טע סצענע.

פייער־וואָרים, פלאַטערלאַך, ליבעלאַך, משה־רבינוס־קיעלע.

**1־טע ליבעלע** — אָט זיינען מיר אויך דאָ! אַ גוטן אָוונט אַייך, ליבע פריינד!

**פייער־וואָרים** — גוט נאָוונט דיר, טולפּע! גוט נאָוונט אַייך, ליבינקע בלי־מעלאַך! מזל־טוב אַייך! אַנטליפ אַייך אַייער גאַסט!

**די בלומען** — אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר, לייכטערל!

**פלאַטערלאַך** — (גייען צו צום טראָן און נויגן זיך) זיי געגריסט, **ליכטיקע מלכּה**, זיי געגריסט פריילאַכער פרילינג!

**פרילינג** — אַ גוטער יאָר אויף אַייך, ליבינקע פלאַטערלאַך, גוטן־אָוונט אַייך ליבעלאַך!... דו, לייכטערל, ביסט אויך דאָ!

**פייער־וואָרים** — יע, גנעדיקע מלכּה, ערלויב מיר אויך אויסדריקן מיין פרייד, וואָס איך קען ווידער אָנקוקן דיין ליכטיקן פּנים! (פאַלט אויף די קני)

פרילינג (ליבלאך) איך דאַנק דיר, לייכטערל! (שטרעקט איר אויס אַ האַנט, ער קושט זי.)
1-טע ליבעלע — אַך, פרילינג! איך פיל זיך דאָך אַזוי גליקלאַך! העי, לאָמיר טאַנצן! פריילאַך זאָל ווערן! איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט!...
פרילינג (שמייכלט) פרייט זיך, קינדערלעך, פרייט זיך!
1-טע ליבעלע (קוקט זיך ארום) ווי גוט עס איז דאָ, סאַר אַ פראַכטיק בילד! איך האָב אַזוי ליב אָט דעם ווינקל אין פאַרק!
טולפע, —זעט ווי צויבערלאַך די אַלטע ליפע איז איבער דעם טראָן פון אונזער גאַסט!
1-טער פלאַטערל דאָס איז דער שענסטער ווינקל אין גאַנצן פארק!
פאַרגעסמיכניט — ניט אומזיסט האָט ער אַזוי ליב אונזער מלכה-פרילינג!
רויז — היינט איז ער גאָר אויסטערליש שיין! גאָר ניט צו דערקענען!
פייער-וואָרים — היינט, ליבע רויז, איז דעם גאַנצן פאַרק ניט צו דערקענען! ווי לאַנג איז אומעטום געווען אַזוי פוסט, אַזוי וויסט, אַזוי טויט! איצט האָט אַלץ אָפּגעלעבט! צעבליט און צעגרינט זיך, פון אומעטום לאָזן זיך הערן די ערשטע פרילינגס-קלאַנגען!...

## 3-טע סצענע.

(די זעלבע און די בוקאַנעס).

1-טער בוקאַן — (אריינקומענדיק) אוף! אוף! (אָפּכאַפּנדיק דעם אָטים) קוים דערפּויזעט! גוט-יום-טוב אייך, בלומען!
2-טער בוקאַן — אַ גוטער אָוונט אייך! (מע ענטפערט זיי אויף דער באַגריסונג
1-טער און 2-טער בוקאַן — (צוזאמען) זיי געגריסט, פראַכטיקע מלכה!
פרילינג — אַ גוט-יאָר אויף אייך, ליבינקע גרינינקע בוקעלאַך.
1-טער בוקאַן — מיר האָבן זיך מסתמא פאַרזאַמט? אַנטשולדיקט אונז, ליבע פריינד! מיר האָבן זיך אַזוי געאײַלט, אַזוי געלאָפן, אַז מיר האָבן גאָר קיין וועג ניט געזען! געפּויזעט גלייך אַ הער!
2-טער בוקאַן — אין איין אָרט האָבן מיר זיך קוים אַרויסגעפּלאָנטערט פון גראָז! דערפאַר האָבן מיר טאַקע פאַרשפּעטיקט!...
פרילינג — אָן בייז! אָן בייז!, טייערינקע, איר האָט נאָך גאָר ניט פאַרזאַמט! מיר האָבן נאָך ניט אָנגעהויבן צו טאַנצן! אַדרבא, איר זייט געקומען פונקט צו דער צייט! אָקאָרשט טאַקע געוואָלט אָנהייבן.
פייער-וואָרים — מיר זיינען אויך ניט לאַנג געקומען!
1-טער בוקאַן אַזוי? זייער גוט! איך מיטן ברודער האָבן אַזוי ליב צו טאַנצן! דעם גרעסטן צער וואָלטן מיר געהאַט, ווען מיר וואָלטן פאַרשפּעטיקט!
ליליע (גייט צו) געלוסט זיך אייך ניט, ליבינקע בוקעלאַך, דערקוויקן זיך מיטן טוי פון דער מלכה? איר האָט זיך דאָך אוודאי פאַרמאַטערט פון וועג?

2-טער בוקאָן — אַך, וואָס פאַר אַ גוט האַרציקע איר זייט, ליבע ליליע. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן וועל איך זיך דערקוויקן מיטן טוי פון דער מלכה (טרינקט)
פרילינג — נו, ליבע פריינד, איצט זיינען שוין, דאַכט זיך, אַלע דאָ; אַלע האָבן זיך אָפּגערוט? אַלע אָפּגעפרישט זיך? קען מען שוין אָנהייבן דעם באַל!... רייזעלע, זיי אַזוי גוט און בעט די מוזיק זאָל שפּילן.
רויז — מוזיקאַנטן, צו די כּלים! (די מוזיק הייבט אָן שטיל צו שפּילן).
פרילינג — טאַנצט, ליבע בלימעלאַך, טאַנצט, ליבע בוקעלאַך, ראָד איין, ראָד אויס! זאָל נחת האָבן אייער מלכּה!
(די בלומען הייבן זיך אָן לעבעדיק צו פאָרן).
1-טע ליבעלע — (לויפט איבער דער סצענע) מאָן! חבר מאָן! וואו זייט איר פאַרפאַלן געוואָרן?
מאָן — (זיצט לינקס הינטער אַ בוים). אָט בין איך, חברטע, וואָסי?
1-טע ליבעלע — מאַמינקעס! זעט וואו ער האָט זיך פאַרקליבן! קומט אַהער, גיכער, חבר מאָן!
מאָן — (ארויסגייענדיק) וואָסי? וואָס איז די אַיילעניש? וואָס וועל איך פאַר-זאַמען? נו, אָט בין איך! וואָסי?
1-טע ליבעלע — (פאַר זיך) ער אַיילט זיך פּאַמעלאַך! (צו אים) מ'הייבט דאָך שוין אָן צו טאַנצן! איר וועט דאָך געוויס גיין טאַנצן!
מאָן — איך ווייס ניט!...
1-טע ליבעלע — וואָס הייסט? וואָס הייסט איר ווייסט ניט? וואָס פאַר אַ רייד! איר וועט טאַנצן! און איך האָף, אַז מיט מיר!...
מאָן — נו, וואָס זאָל מען טאָן? איך טאַנץ, חברטע, איך טאַנץ! (אָן אַ זיים אַ ברירה האָב איך? זי וועט זיך שוין ניט אָפּטשעפּען!
1-טע ליבעלע — טאָ קומט פאַרנעמען די ערטער! מ'הייבט דאָך שוין אָן!
(זי נעמט אים אונטערן אָרים און זיי שטעלן זיך צווישן די איבעריקע פּאָרן).
פייער-וואָרים — (אין דער ערשטער פּאָר מיט דער רויז) נו, חברים, אַלע זיינען גרייט, מיר הייבן אָן!...
(טאַנצן אַ שוועבנדיקן טאַנץ; די מיידלאַך מיט בלומען-קערבעלאַך; די יינגלאַך—מיט בוקעטן בלומען).
פייער-וואָרים — (צום סוף פון טאַנץ) דאַנקע, פּראַכטפולע רויז! (נויגט זיך).
רויז — (מאַכט אַ טיפן רעווערענס).
בלומען-הערן — דאַנקע! (רופן אָן די נעמען פון זייערע דאַמען, מ'ענטפערט זיי מיט רעווערענסן. די בלומען שפּאַצירן זיך דורך נאָכן טאַנץ).
1-טע ליבעלע — (געאַרעמט מיטן מאָן).
רויז — (גייט מיטן פייער-וואָרים) אַך, זעט, זעט, סאַר אַן אויסנאַם אַ וועריטל! ווי העל ער לייכט! ווי ער פינקלט. סאַר אַ שיינע אילומינאַציע די מלכּה-פרילינג האָט צוגעטראַכט, וואָס זאָגט איר? אָן דאָרטן זיינען

נאָך עטלאַכע... קומט אַהין, קומט, וועלן מיר זען... (גייען אָפּ אין דער טיף).

1-טע ליבעלע — (זעצט זיך רעכטס) פ-פ-פ-ו פאַרמאַטערט! אָך, געטאַנצט!... הייס!... (פאָכט זיך מיטן פעכער) סאַר אַ וואונדערלאַכע נאַכט עס איז היינט! ווי וואַרים! ווי שטיל! די לופט אַזוי דופטיק! די לבנה אַזוי העל! די ווערימלאַך בלישטשען!... אַלע אַזוי אויסגעפוצט, אַזוי מונטער!... און מיר איז אַזוי פריילאַך, אַזוי גוט! עס גלוסט זיך, שפרינגען, טאַנצן, דרייען זיך!... אָן אַשיר!... ליבינקער פלאַטערל, זאָג, פאַר וואָס איז מיר היינט אַזוי גוט!...

1-טער פלאַטערל — (שמייכלט, זעצט זיך לעבן איר) כ׳ווייס ניט, חברטע, וואָס קען איך וויסן, שווער צו טרעפן, ס׳קען זיין דערפאַר, וואָס די מלכה פרילינג איז מיט אונז!... ביי איר איז אַלע מאָל אַזוי גוט.

1-טע ליבעלע — (שטעלט זיך) מ׳דאַרף גיין צום מאָן, פרעגן ביי אים, ער איז דאָך עפעס ביי אונז אַ פילאָזאָף, ער וועט דאָס מיר געוויס דערקלערן!... (אָפּ).

(צום פלאַטערל גייען צו גלעקעלע, לילְיע און 2-טע ליבעלע).

מאַי-גלעקל — (גייט צו צו זיי) חברים!... די מלכה האָט געזאָגט, אַז זי וועט טאַנצן מיט אונז דעם בלומען-טאַנץ. (נויגט זיך) חברטע ליליע, איך בעט מיר ניט אַנטזאָגן צו בילדן מיט אַייך אַ פּאָר צום בלומען-טאַנץ.

ליליע — זייער אַנגענעם, חבר מאַי-גלעקל, עס פרייט מיך זייער! איך בין גרייט! (גייען צו צום טראָן)

אלע פארזאמלען זיך ארום טראָן.

פרילינג — ליבע פריינד! קלייבט זיך אויס יעדערער זיין פּאָר און נעמט די בלומען. מיר וועלן טאַנצן דעם בלומען-טאַנץ!

אַלע — אַך, ווי גליקלאַך מיר זיינען! די מלכה וועט מיט אונז טאַנצן דעם בלומען-טאַנץ! צעטאַרפן זיך אין פּאָרן. אלע נעמען גירלאַנדעס בלומען).

פייער-ווערימל — הע׳, מוזיק, אַ לעבעדיקס! די מלכה טאַנצט!

מלכה-פרילינג — (גייט אראָפּ פון טראָן און טאַנצט מיטן שטאָק ארומגערינגלט מיט גירלאַנדעס).

די בלומען — אַ דאַנק דיר, ליכטיקע מלכה! אַ דאַנק! מיר פילן זיך דאָך אַזוי גליקלאַך! דו אַליין האָסט געטאַנצט מיט אונז!

מלכה-פרילינג — (גייט ארויף אויפן טראָן).

אַלע — (צעשטעלן זיך מאָלעריש איבער דער סצענע און זינגען אין כאָר.

ווידער איז דער מאַי געקומען
מיט זיין צויבער, מיט זיין פראַכט;
אַלע גראָזן, אַלע בלומען
האָבן ווידער אויסגעוואַכט.

ווידער בליט עס אויף די פעלדער,
ווידער גריגט עס אין די וועלדער,
ווידער גלאַנצט עס אומעטום—
יעדעס בלעטל, יעדעס בלום!

אַ לעבעדיק ביל ד.

פאָרהאַנג.

# פרילינג

ווערטער פון א. פרידקין.

מוזיק פון מיטליאַנסקי.

לעבעדיק

(זע זייט 16)

# די נאכט=פרינצעסין.

ווערטער פון העלענע ראָזנבלום.

מוזיק פון סלעפ.

Andante

(זע זייט 18)

# דאס ליד פון די בלומען.

בלימעלאַך, שטייט אויף געשווינט!
ס׳האָט נאָר וואָס דער גוטער ווינט

אונז אַ בשורהלע געבראַכט:
ס׳גייט דער פרילינג מיט זיין פראַכט!

רייבט די אייגלאַך שנעלער אויס!
ווילסט נאָך שלאָפן, שיינע רויז!

ניין, גענוג, גענוג, ס׳איז צייט,
אונזער יום־טוב איז ניט ווייט!

גיכער, קינדער, טוט זיך אָן!
זיי ניט פויל, דו רויטער מאַן!

זעט, וואָס ס׳איז פאַר אַייך דאָ גרייט:
קליידעלאַך אי בלאָ, אי רויט,

ווייס און ראָז און גרין און געל...
שגעלער, קינדער מיינע, שנעל!

וואַשט זיך איין און פוצט זיך אויס,
צו דער מלכּה גייט אַרויס,

איר אַנטקעגן גייט מיט טענץ,
מיט די שענסטע בלומענקרענץ.

**באמערקונג**: די דאָזיגע ליד קען געזונגען ווערן נאָכן הימן (זייט 16): די נאָטן צו דעם ליד זיינען צוליב טעכנישע סיבות אין דעם בוך ניט געדרוקט.

דער פארלאג „די נייע יידישע פאָלקסשול״ האָט שוי אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אילוסטרירטער אַריטמעטישער רעכנבוך (פאַרן 1-טן לערניאָר) באַארבעט לויט שטעקלין און אַנדערע (2 אויפלאגעס) פון ש. באַסטאָמסקי.

2. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער הונדערט) באַארבעט לויט שטעקלין און אַנדערע פון ש. באַסטאָמסקי.

3. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט) (5 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאַמסקי.

4. אַריטמעטישער רעכנבוך (פלערליי צאָלן). (4 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאַמסקי.

5. אַריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן) (4 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאַמסקי און ל. הורוויץ. מיט א ביילאַגע פון דער טערמינאָלאָגיע פון אַריטמעטיק אויסגעארבעט פון א קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער-געזעלשאַפט.

6. ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן—„לעבעדיקע קלאַנגען״ א רייך-אילוסטרירטער א״ב

7. „ „לעבעדיקע קלאַנגען״ כרעסטאָמאַטיע פאַרן ערשטן לערניאָר
די „לעבעדיקע קלאַנגען״ זיינען באַשטעטיקט פון א קאָמיסיע לערער ביים ווילנער צ. ב. ק.

אינגיכן ערשיינט—„לעבעדיקע קלאַנגען״—
כרעסטאָמאַטיע פאַרן 2-טן לערניאָר.
פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן.

„דער נייער לערער״—זאַמלונג פון שריפטלאַכע איבונגען ווי אַזוי אויסצולייגן די געדאַנקען.

אַריטמעטישער רעכנבוך—לעצטער טייל (פּראָצענטן, דיסקאָנט, דרייפּללי א. א.)

מעטאָדישע אָנווייזונגען צו „די לעבעדיקע קלאַנגען״ מיט א פּראָוו-פּראָגראַם פון יידיש פאַר דעם 1-טן לערניאָר.

## ב) ביכער פאר קינדער:

פון ש. באסטאָמסקי

### פאַר יינגערע:

1) יאַקעלע נאַר. 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות
3) מזל. 4) צוויי מתּנות. 5–6 א) דער נס. ב) דער צדיק. 7) דער בוים
און דער ווינט. 8) יינגל–צינגל. 9) די אמתע כּלה. 10) דריי מענטשעלאך
11) קארוזא. 12) דער ליגנער. 13) די נאשערקע. 14–15) מעשהלאך פון עזאָפּ
(2 העפטן). 16) כּישופמאכער און זון. 17) גיוּבערהאָפּען.
18) דער פארשלאָסענער קאסטן. 19) לעגענדעס פון אמאָל. 20) דער
קונדס (זאמלונג פון רעטענישן, רעבוסן, אויפגאַבן א. א.).

### פאַר עלטערע:

1) פריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפונדיקן פּאָלוס
(אילוסטרירט). 2) אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ
3) י. ל. פּרץ (זאַמלבוך). 4) דייוויד ליווינגסטאָן, זיין לעבן און
זיינע רייזעס איבער אפריקע. 5) הענרי סטענלי און זיינע רייזעס
6) ווי אזוי קאלומבוס האָט אנטדעקט אמעריקע (אילוסטרירט)
7) זאַלץ. 8) מרדכי אַנטאָקאָלסקי ביאָגראַפיע (רייך אילוסטרירט)

### קינדערפּיעסעס:

1) פרילינג קומט! פאַנטאַסטישע קינדער-פּיעסע אין 2 אַקטן
מיט געזאַנג און טענץ.

## ג) מאטעריאַל צום יידישן פאָלקלאָר:

1. יידישע פאָלקסרעטענישן. (2 אויפלאַגעס)
נעזאַמלט און דערקלערט פון ש. באסטאמסקי.

2. זאמלונג פון יידישע שפּריכווערטער פאַר שול און פאַמיליע

3) „ביים קוואל" צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון ש. באסטאמסקי.
יידישע שפּריכווערטער, ווערטלאַך
רעדנסאַרטן, פאַרגלייכענישן, ווינטשענישן, ברכות, שבועות
קללות, חרמות, סימנים, סגולות, און זאַבאַבאָנעס.
נעזאַמלט און דערקלערט פון ש. באסטאמסקי.

4) „ביים קוואַל" II באַנד: יידישע פאָלקסלידער
געזאמלט פון ש. באסטאָמסקי.

## ס'ווערן צוגעגרייט צום דרוק פאָלגנדיקע ביכער:

1. יאָהאַן גוטענבערג (דער אָנהייב פון בוך-דרוקעריי).
2. בר. גרים—זאמלונג פון אויסדערוויילטע מעשהלאַך.
3. די קעמפער פאַר פרייהייט (א ריי ביאָגראַפיעס).
4. דער קונדס—צווייטע זאמלונג פון שפּילן, קונצן, רעטענישן, א. א.
צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.
5. אוּאַט און סטעפאַנסאָן—(ביאָגראַפיעס).

---

מיט באשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפּן נאָם 28.11,24